# מאַני לייב

# לינדער

אַרויסגעגעבן
פון פערלאַג
אינזעל
ניו יאָרק 1918

איך האָב מיין מאַמע׳ס שוואַרצע האָר און גרינע אויגען.
מיין טאַטענ׳ס איידעלע און דינע הענט;
און בלויז האָב איך אַזאַ, וואָס זינגט און ברענט,
דאָס בלוט פון מיינע זיידעס, אידען ביי דעם דניעפּר;
און אויף מיין קאָפּ — די נעכט פערבראַכטע מיט חברים,
אין בענקשאַפט נאָך דער צאַרטער, דינער לוסט;
און שאַרפע ציינער־צייכענס אויף מיין ברוסט
פון אַ פערטרויטער, ציטערדיגער פרוי.

די לענדער און ים׳ען, די שטעדט און די ערטער,
געזיכטער און שמייכלען און ווערטער, —
זיי זיינען אוועק פון מיר ערגעץ, אמאָל,
אין עפּעס א וויטען טאָל.

איך זעה נאָר דורך לויטערען נעבעל פערצויגען
צוויי קינדעריש פערטרויערטע אויגען —
פערבלאָנדזשעטע שעפּסעלעך שווארצינקע צוויי
אין עפּעס א וועלט פון שניי.

ניט וויין, ניט וויין, מיין עלענד קינד!
דער סם פון טרערן מאכען בלינד
דאָס לויטערסטע און צאַרטסטע אויג...
דיין קאָפּ דיין אונגליקליכען, נויג
אין שטילען טרויער צו מיין ברוסט,
און שווייג... און הער, אין בייזען לוסט,
אין ווילדען פינסטערען זאַווייַ
צואַוואָרפענדיג א מדבר שניי,
די ווינטער נאַכט — די בלינדע נאַכט —
זי טאַנצט א פינסטערע און לאַכט...

ניט וויין מיין עלענד קינד, ניט וויין,
זיי שטיל, און זעה... געלייטערט ריין
און מיידעלש אונשולדיג ווי דו,
אין ציטערדיגער רויטער רוה
דער שטילער פייער אין קאַמין
וועבט זאַכט זיין גאָלדענעם געשפּין,
פון טרוימען ניט דערטרוימטע פּראַכט,
אומזיסט געטרוימטע אין דער נאַכט...

ניט וויין, ניט וויין, מיין עלענד קינד!
די נאכט איז בייז, די נאכט איז בלינד.
נאָר ווען דער מאָרגען פראָסטיג בלייך
אין שטראַלענדיגען בלויען רויך
א רוהיגער, פארשנייטערהייט,
וועט ליגען אין דער ווייט צושפּרייט —
און אין דער וויים, אין שניי און בלוי
א שליטען ווי א פינטעל גרוי
וועט ווייזען זיך און וועט פארגעהן —
דאן וויין, מיין עלענד קינד, דאן וויין!

איצט זאָל מיין קאָפּ זיך פון בייזע גדאנקען ניט בויגען!
מיד בין איך. בלייך בין איך. נו, בין איך מיד. בין איך בלייך.
רויכער איך, רויכער איך, און מיט פערשטיינערטע אויגען
קוק איך אזוי זיך פאר זיך, אין דעם וועהיגען רויך.
אבער אַט־ערשט איז דאָס קינד אין דעם בעטעל געלעגען,
שמייכלענדיג שטיל און געבראָכען די הענטלאך פון שרעק,
און האָט געקוקט אָט אזוי, נאָר אויף ווייטע פערוואָרפענע וועגען
איז גאָר דאָס קינד אין דער נאכט, אין דער פינסטער אוועק.
לאָז איך מיך געהן נאָכ'ן קינד אויף די וועגען, א מידער,
געה איך מיר, היט איך, באהיט איך די טריט פון מיין קינד.
מיד בין איך. שעפּטשע איך ווערטער און מעשיות און לידער,
שרעקט זיך דאָס קינד, און עס וויינט ווי מיין זינד, ווי מיין זינד.
נו, זאָל מיין קאָפּ זיך פון בייזע גדאנקען ניט בויגען!
מיד בין איך. בלייך בין איך. — נו, בין איך מיד, בין איך בלייך,
נאָר אז עס היטען אונז פרעמדע דערצאָרענטע אויגען! —
ווער איז ער, דער, וועלכער היט אונז, און געהט מיט אונז אויך?

ביים פענסטער ביי מיר האט דער רעגען געוויינט.
און איך — א גענארטער — און איך האב געמיינט,
אז דו האסט נאך מיר געוויינט.

און נאהענט, א דא, פאר מיין בלייכען געזיכט,
א דא, אין דעם שיין פון מיין נאסטינער ליכט,
געניינט האסטו דיין געזיכט.

און איך האב צושראקען געקוקט צו דער טיר,
געלאכט האבען אוינגעלעך בלויע צו מיר
און זייגען ארוים פון טיר.

מיין קליינינקער אינגעלע איז דא געוועןֿ,
נאר איך האב מיין אייגענעם קינד נים געזעהן,
ווייל דייגער בין איך געוועןֿ.

איצטער ווײַס איך: װעל איך װעלן
װעל איך רופֿן, װעסטו קומען —
װי מײַן אומגליק װעסטו קומען
און װעסט זיך פֿאַר מײַנע שװעלן שטעלן.
װעט מײַן בײזער שמײכל שטראַלן
דיך, פֿאַר אַלע מײַנע לײדן, —
װעסטו לײדן מײַנע לײדן,
און װעסט, אומגליק, מיט מײַן שמײכל שמײכלען.

איך קוש די דינע האנט. א גוטע נאכט!
— א גוטע נאכט. נו, געה געזונטערהייט.
די גאס איז שטיל. א קיהלער נעבעל וועהט.
ניט גוט, ניט גוט. נו גוט. א גוטע נאכט!...

און טריט פערשטארבען. אין דער שטילער נאכט
א שאטען וויעגט זיך, וויעגט זיך הין און הער.
און מיר איז אזוי אומעטיג און שווער.
ניט גוט, ניט גוט. נו, וואס? — א גוטע נאכט!...

ווי שנעל דו ביזט אוועק פון מיר
מיין ריינער, שעהנער גליק ווי שנעל!
איצט ליגט בערעקט מיט שטויב מיין שוועל
און צוגעשלאָסען איז מיין טיר.

און אין מיין האַרץ די בענקשאַפט גליהט
נאָך דיינ׳ס אַ בליק, נאָך דיינע רייד,
נאָך דיינ׳ס אַ הייסען שאָרך פון קלייד,
נאָך דיינע זינגענדיגע טריט.

דו האָסט אין דער ווייט פון מיין וועג מיר אַ שיין אַנגעצונדען,
באָטש דו ביסט קיינמאָל ניט געוועזן און וועסט קיינמאָל ניט זיין.
און איך בין געגאַנגען צום שיין אויסגעמאַטערט אין וואונדען —
ווייל כ'האָב דיך געזעהן אין דעם שיין.

אַט האָב איך דערגרייכט שוין דעם שיין — און דער שיין איז פערשוואונדען.
בין איך אין דער פינסטער געפאַלען פאַרלאָזט און אַליין,
האָסטו זיך געבויגט איבער מיר און מיט ליפּן געקושט מיינע וואונדען,
און איך האָב געהערט דיין געוויין.

אוי, איך הער דאָך אין די נעכט
ביי מיין פענסטער דעם געוויין,
ווען איך זיץ אליין, און קליין,
פאַר מיין פייער אין די נעכט.

פאַר מיין פענסטער הויבען זיך די נעבלען.
פון די נעבלען אין די נעכט
אימיץ וויינט, און עפּעס מאָנט,
וויינט און בעט זיך און דערמאָנט
אויף זיין אונגליק אין די נעכט.

פאַר מיין פענסטער גרויען זיך דיא נעבלען.
אין זיין אונגליק, אין די נעכט
אימיץ זעהט מיין פייער שיינט,
קומט ער צו זיין אַלטען פריינד,
און ער וויינט דאָס אין די נעכט...

פאַר מיין פענסטער וויינען דאָס די נעבלען.

ביי די ווייסע טישען בין איך לאנג געזעסען,
און געקוקט אין אויגען און גערעדט, גערעדט,
און אויף יענע אויגען האב איך זיך פארגעסען.
ביז דער אלטער קעלנער האט מיר אויפ'ן אויער,
מיט א גוטען שמייכעל און מיט שטילען טרויער
א פארשולדיגטער פארטרויט מיר: שפעט...

— נו, א גוטען!... מארגען וועל איך ווידער קומען.
גאסען. נאכט. א נעבעל האט געוועהט, געוועהט.
גאסען. און פון נעבעל זיינען אויפגעשוואומען
אויגען. יענע אויגען, ליכטיגע אין טרערען
און ווי פיהרענדיגע, שיינענדיגע שטערען,
מיך א היים, א קליינינקען באגלייט.

זי שפּילט: מיין גליק איז ווייט פון מיר פאַרפלויגען,
מיין גליק, ווּעסט קומען ווען צוריק? — געווים... געווים...
און ער פאַרלעשט דאָס ליכט, און פאַלט פאַר איהרע פים,
און בלייבט אַזוי ביים פּיאַנאָ אויסגעצויגען.

נאָר זי, זי שפּילט פאַר די וואָס זיצען איינגעבויגען
אין ווינקעל שווייגענדיג. זי שטעלט זיך אויף: — גענוג!...
און פון דער פינסטער שמייכעלט איינער קלוג,
און איינער ברענט מיט גרויע נעבעלדיגע אויגען.

איך האָב דיך פיינט!... נאָר ווען פאַרוויגט און צערטליך איינגעקושט
דאָס קליינע בלאַסע קינד אין שטילער שמייכעלדיגער רוה
אַ רגע — עפענט אויף די אויגעלאך, אַ רגע — מאַכט זיי צו
מיט שלאָפעדיגע ליפלאַך ציהט זיך צו דיין ברוסט —

און פון די אויגען דיינע, טרערען רינען שטיל אראָפּ
דאָס קינדערש פּנים'ל בעטויענדיג מיט טרערען טוי —
דאַן בויג איך טיף צו דיינע פיס, אַ מאַמע, אַט אזוי
מיין זינדיגען, מיין זינדיגען, מיין אונגליקליכען קאָפּ!

זי שפּילט. איך וויין. די לאַנגע ציטעריגע פינגער
ווי בלייכע לאַנדישען פאַרבענקטע אין דער פינסטער, —
פאַרבענקטע זוכען זיי און בלאָנזשען און געפינען.
און מיינע קינדער וויינען, וויינען, מיינע קינדער.

איך האָב אין אָוונט אָנגעטאָן זיי ווייסע העמדלאַך.
און האָב געלייגט זיי שלאָפען, און דעם לאָמפּ פאַרלאָשען,
די טיר פאַרשפּאַרט, אין האַנט געהאַלטען לאַנג דעם שליסעל,
די טרעפּ אַראָפּ, און בין אַהער אַזאַ געקומען.

זי שפּילט. איך וויין. די לאַנגע ציטעריגע פינגער
ווי בלייכע לאַנדישען פאַרבענקטע אין דער פינסטער, —
פאַרבענקטע זוכען זיי און בלאָנזשען און געפינען.
און מיינע קינדער, קליינע, אין די ווייסע העמדלאַך,
מיט שלאָפענדיגע אויגלאַך שטעהען דאָ און וויינען,
מיט שלאָפעדיגע אויגלאַך וויינען מיינע קינדער!

— פערבלייב אין פארק. פון טויער
וועל איך ארויס אליין.
— נו געה, מיט דיר מיין טרויער
וועט דורך די גאסען געהן,
און דיך וועט ער בעגלייטען
ביז יענער הויכער טיר,
אין הויז פון יענעם טויטען,
וואס ווארט אין נעכט אויף דיר.
— נו, שא... נו, נא... דער שלייער! —
א קוש, און שנעלע טריט.
— אוי, טרויער מיינער, טרויער,
דו זעהסט? — זעהסט גארנישט ניט!

איך האָב פאַרטומעלט זיך ביי טישען און ביי ליכט
מיט מענשען און מיט רויך, מיט שמייכלען און מיט רייד,
נאָר ער פּלעגט אַלע ווייל א ציה טאָן מיך ביים קלייד,
און אַלע ווייל א ווייז טאָן זיך פאַר מיין געזיכט,
און אז איך האָב איהם יעדען מאָל געוואָלט דערזעהן —
איז ער שוין ניט געווען.

נאָר אַט, ביים טיש, אין גרינעם שפּיגעל אויף דער וואַנט
האָב איך געכאַפּט איהם פלוצלינג מיט א פלינקען בליק.
ער איז געבליבען שטעהן פאַרגליווערט, און א שטריק
דריי איילען לאַנג, האָט ער געהאַלטען אין זיין האַנט.
האָב איך א שולדיגער צום הארטען טיש אראָפּ
פאַר איהם געבייגט מיין קאָפּ.

א שטילער, א בלייכער איז ער זיך געזעסען פון ווייטען ביים וואנד.
מיר האבען געטרונקען, גערעדט און גערוישט; נאר אזוי ווי אין חלום,
נאך פלוצלונג א מאך געטאן האט ער פאר זיך מיט דער האנד
און הייזעריג, לאנגזאם ארויסגערעדט: עך, עס איז הבל הבלים! —
און איז באלד אוועק. נאר אונז האבען די ווערטער ווי פיילען געטראפען,
מיר זיינען אנטשוויגען געווארען. דער זייגער האט רגע'ס געצעהלט.
דער ווינד האט ביים פענסטער געוויינט, און דערצעהלט, און דערצעהלט
פון נעכט און פון יונגע און בלייכע — פון אונז, וואס מיר קענען ניט שלאפען.
און איינע פון אונז האט צעוויינט זיך. און איינער האט דורשטיג דערטרונקען
מיט ציטערדיג טרוקענע ליפען פון פלעשעל דעם זויערען ווייז
און נאכדעם צו זיך אליין האט ער געמורמעלט: זאל זיין וואס וועט זיין! —
און מיד איז זיין שכור'ער קאפ אויפ'ן טישעל ארונטערגעזונקען.

אין צווייטען צימער קלינגט דער טעלעפאָן.
און עפּעס רוישען זיי און לאַכען. (איצטער בליהט
דער אָוועגד אין מיין הייסען בלוט ווי רויטער מאָן)
און עפּעס ריידען זיי, און צינדען פייער אָן.
און מיך דערמאַנען זיי גאָר ניט.

נאָר טאָמער קומען זיי מיך רופען טרינקען טיי? —
(דער אָוועגד בליהט ווי רויטער מאָן אין מיין געדאַנק)
איך וועל פאַרנייגען זיך פאַר זיי; אַ דאַנק, אַ דאַנק,
און עפּעס בעטען זיך און שווערען זיך פאַר זיי —
אַז איך בין איצטער זעהר קראַנק.

איך בין פון זייערע משוגע'נע געשרייען
אין פארק אנטלאפען. הערבסט. איצט געהט דא קיינער ניט.
די הענר פערלעגט אזוי, מיט שטילע מידע טריט
געה איך ארום אין שטילע, ליידיגע אלעען.

און די לבנה דורך די גרויע דארע צווייגען,
ווי איך — א רוהיגע, ווי איך — אליין, און בלייך,
מיט ווייסע שטראהלען עפעס כישוף'ט פון דער הויך,
און לייטערט ארום מיר דאס היטענדיגע שווייגען.

און מיך פון דער לבנה'ס בישוף'דיגע שטראלען,
א שטילער און א ציטעריגער בלייב איך שטעהן.
איך שטעה און הארך — א גליקליכער — און קען פערשטעהן
פארוואס די שארכענדיגע געלע בלעטער פאלען.

אייערע שמייכלען און אייערע רייד
זיינען פאר מיר ניט ניי,
אייערע שמייכלען און אייערע רייד
מאכען מיך טעמפ און מיד.

קינדערלאך האב איך ביי זיך אין דער היים
שמייכלען, און ריידען אויך! —
קינדערלאך האב איך ביי זיך אין דער היים,
שרעק איך זיך געהן צו זיי,

ווי האסטו דאס קליינע קינד געלאזען שטעהן!
און געבויגען אין דער נאכט אוועק אליין:
און געבויגען אין די נאסען אומגעשפאנט,
און געפיהלט דאס קינדערש הענטעל אין דיין האנד,
און געציטערט האט דאס קינד אינגאנצען ווי א בלאט;
און אזוינע שטילע אויגען האט דאס קינד געהאט!
און די אויגען האבען דאך געבעטען אזוי פיעל,
און געקנים פאר דיר צושראקען אזוי שטיל.
נאר דו האסט דאס קינד אזוי געלאזען שטעהן,
און געבויגען אין דער נאכט אוועק אליין,
און געשארט זיך, ווי א שאטען, ביי די ווענד,
און געשטרעקט צום הימעל תפילה'דיגע הענד.

דער טויט איז אין מיין הויז אריינגעגאנגען,
און האָט מיט זיינע ביינערדיגע הענט,
מיט שווארצען דורכזיכטיגען זייד פערהאנגען
דעם שפּיגעל און די בילדער אויף די ווענט,
און הויכע ווייסע ליכט האָט ער געצונדען
און זיי צו־קאָפּענס מיר אוועקגעשטעלט,
און ווי א שאָטען גרינג איז ער פערשוואונדען,
צושפּרייטענדיג אין הויז א ווייסע קעלט...

אַ קינד אויף די הענט, און אַ קינד ביי דעם קלייד,
מיין ווייב, — אַהין געוויין און אַהין רייד —

און יונגע פּאָעטען אין זיידענעם קרעפּ
מיט שטילע געבויגענע קעפּ —

בעגלייטען מיין שטויב צו דער אייביגער רוה.
דער רידעל מיט ערד דעקט מיך צו.

און שווייגענדיג געהען זיי ערגעץ אוועק.
נאָך זייערע טריט געהט דער שרעק.

דער הימעל איז בלוי, נאָר אַ דאָרט איז ער רויט,
די זון אַ פערקלערטע פאַרגעהט.

און אימיץ אין שווארצען, פאַרלייערט, אליין,
בלייבט לאַנג ביי מיין קבר נאָך שטעהן.

## ווינטער

פאר מיינע פארקלערטע שויבען
הויבען זיך העכער העכער
הויכע פארשנייטע דעכער
הויכע אין זילבערנע הויבען.

פאר מיינע פארקלערטע שויבען
איבער די הויכע דעכער
הויבען זיך העכער, העכער,
רויכלאך ווי זילבערנע טויבען.

שניי

ווייס און צארט ווי לאנריש,
טהויאיג פריש, און ווייך,
שטראליג, פראסטיג בלייך,
בליהט דער שניי אין גארטען.
געה ניט אום אין גארטען,
אויב דיך לאקט די לוסט : —
אויף מיין כלה׳ס ברוסט
וועט דיין שאטען פאלען !

פארוואָרפען ליגט די וועלט ארום אין שנייען.
דער פראָסט האָט צוגעשמידט מיין שווערע טיר.
קיין פייער צינד איך איצט ניט אָן. עס געהען
פארטראכטע שטילע שאָטענס ארום מיר.
איך בין אליין. איך וואַרט, און טראכט פון דיר
מיין ווייטער פריינד פון מיינע ווינטער וועהען.

און מיינע ליפען, תפילה'דיג, דיין נאָמען וועקען: —
מיין פריינד, מיין פריינד! — איך געה צום פענסטער צו,
איך זוך אין שניי נאָך ניט-פערוועהטע פלעקען
פון טריט, פון טריט געאיילטע ערגעץ וואו. —
דאָרט ליגט דער שניי אין ווייסער קאלטער רוה.
דאָרט נעמט די נאכט דעם שניי מיט שטערען דעקען.

וויינט ער און טאפּט אין דער פֿינסטער א בלינדער
דאָ, אין מיין צימער, און גערט ניט אוועק,
און מיינע לאַנדישען שלאָפֿן ווי קינדער.
שטילער, די לאַנדישען מיינע ניט וועק!

אומעטיג, אומעטיג. פֿאַר זיינע אויגען
שלאָפֿן די לאַנדישען רוהיג און וויים, —
שטרעקט ער די הענט אין דער פֿינסטער, געבויגען
איבער די לאַנדישען — היט זיך, ניט ריים!

א שניי צושפרייט זיך אויף די גאסען ווייס און ווייך און שטיל.
און ווייס און ווייך און שטיל שטעהט אויף אין הארצען א געפיהל,
וואס איך אליין, האב לאנג שוין, איינמאל אין א בייזער צייט,
פארגראבען טיעף אין הארץ ביי מיר פון זיך און גאט און לייט...
עך... ס'איז גוט ביים פענסטער איצטער זיצען אהן א ליכט:
ביים ווייכען בלויען שיין פון שניי ווערט שארפער דיין געזיכט,
און דיינע הענט — זיי ווערען אזוי לאנג, און בלייך און דאר,
און דיינע אויגען... וועה איז מיר, דו וויינסט? — דו נאר, דו נאר,
ווי וויינט זיך דאס א גרויסער מענש אין מיטען נאכט אזוי
ווען אויף די שטומע גאסען שפרייט זיך אויס א שניי? —
כ'וועל אנצינדען א ליכט... אויף יענעם זייט פון אקעאן,
אויף יענעם זייט, איז דארט א לאנד אזא פאראן
און שניי איז דארט, און שניי איז דארט....

— וואוהין?

— נאך ווייסע לאנדישען, אין שניי, אהין... —
די אויגען קוקען אפענער, פארקלערטער.
און איהרע ליפען ווייגען אלטע ווערטער,
און זיצט אזוי אנ'אלטע ביים קאמין.

— עה, עה... נו זיי געזונד. — נו געה געזונטערהייט —
און טרערען רינען אויף די אלטע באקען.
— נו זיי געזונד... דער זאק איז אויפ'ן באקען.
די אלטע האנט. דער שליטען שטעהט. עס שנייט.

## ביים קאמין

ווייסע פענסטער. דרויסען שנייט.
אין קאמין דער פייער ברענט.
פאלט דער פייער בלוי און רויט
פון קאמין אויף מיינע הענט.
מיר איז אומעדיג. שוין לאנג
זיץ איך ביים קאמין אזוי,
זיץ, נאר עפעס טוט מיר באנג
אויף דער ווייסער פרייד פון שניי.

## מיין ווייסע פרייד

העי, איהר ביי מיינע הויכע טויערען,
די גאנצע נאכט מיט פאקלען וואכט!
מיין ווייסע פרייד אין דרייצען שלייערען
דארף קומען היינט צו מיר ביינאכט.

פליהט מיין ווייסע פרייד אין שליטען
מיט די זיבען ווייסע פערד,
איהרע שלייערען צושיטען
ווייסע ווינטען אויף דער ערד,
און זי יאגט די ווייסע פערד.

העי, איהר, פראלט אויף די הויכע טויערען,
שפאנט אויס די פערד ביי מיר אין הויף.
מיין ווייסע פרייד אין דרייצען שלייערען
ברענגט מיר אהער, און וועקט מיך אויף!

ביי דעם בלויען ביי דעם רויטען
שטילען פייער פון קאמין
פאלט איין שלייער נאך א צווייטען.
דרייצען, — זעהסטו ווי איך בין! —
און זי ווארפט זיי אין קאמין.

העי, איהר, פארשפארט די הויכע טויערען,
געהט שלאפט ווי הינט אין אייער שעה!
מיין ווייסע פרייד אין דרייצען שלייערען
איז איצט מיט מיר אזא א דא.

אין קאמין דאס פייערל דערברענט,
רויטע שאטענס שיינען אויף די ווענט,
ווארימט זי ביים פייערל די הענט;
און דאס קליינע קעצעל ווי א קנויל
ליגט ביי איהרע פיס און שלאפט זיך פויל.

אין קאמין דאס פייערל דערברענט,
רויטע שאטענס שיינען אויף די ווענט,
ווארימט זי ביים פייערל די הענט;
און ביים ווארימען און רויטען שיין
שלאפט זי רוהיג ווי דאס קעצעל איין.

## דער פעטער שנייער

גלעקלאך קלינגען גלין, גלין, גלאן.
פון דיא ווייסע ווייטען
אימיץ קומט א ווייסער אן
אויף א גרויסען שליטען.

קליפ־קלאפ, קליפ־קלאפ... — באלאבאס,
עפען אויף דעם טויער!...
קליפ־קלאפ, קליפ־קלאפ... — ווער איז דאס?
— איך, דער פעטער שנייער...

— נו, טא געה געזונטערהייט,
קומט די מענשען שרעקען...
אין דער נארע אויף דער קייט
נעהמט דער הונד זיך וועקען.

אויפ'ן בוידים קרעהט דער האהן.
היידא, פעטער שנייער!
גלעקלאך קלינגען גלין, גלין, גלאן
אין די ווייסע וויטען.

דאָרטען ווייט אראָפּ, אראָפּ אין טאָל
שניידט אין שניי אַ וועג זיך ווייט און שמאָל.
פליהט אַ שליטען ווייט אין טאָל, אהין,
קליינע גלעקלאך קלינגען דין, דין, דין...
פליהט דער שליטען ווייט, אהין, אראָפּ,
און די קליינע גלעקלאך שטארבען אָפּ.
וויין נים, וועט דער שניי צוגעהן אמאָל
וועלען גלעקלאך אויפגעהן אין דעם טאָל!

אין דרויסען שנייט. דער טאָג פאַרגעהט.
דאָס אינגעל קומט אין הויז אַריין
פאַרשנייט, די בעקלאַך נאַס און רויט,
די אויגלאַך פול מיט נאַכט און שיין.

דער טיש מיט טיי איז צוגעגרייט.
און ביי דעם טיי ווי רויטער וויין,
און פון דער בלייכער מאַמעס רייד —
ביים טיש אַ מידער שלאָפט ער איין.

אוי, דער הייסער טאָג פאַרגעהט,
און דער קיהלער אָוועגד וועהט,
און דאָס קינד פאַרמאַטערט שטעהט
נאָהענט פאַר מיין טיר.
— קום מיין קינד צו מיר! —
שטעהט מיין טיש מיט מילך און ברויט
אָנגעגרייט פאַר דיר.

די לבנה שווימט ארוים
קאַלט און אומעטיג און גרויס,
עסט דאָס קינד, און גרוים און הייס
רינט אראָפּ זיין טרער.
— קום מיין קינד אהער! —
לייג דיין קאָפּ צו מיר אין שויס
און אנטשלאָפען ווער!

## נאָך אַ רעגען

אויסגעלייטערט ווערט דער הימעל,
דער אספאַלט אין גאַס איז נאַס,
אַט שיינט אויף די זון אין הימעל,
שיינט מיט גאָלד אראָפּ אין גאַס.
אַט קומט אָן אין גאַס אַ וואָגען
אָנגעלאָדען פול מיט זעק,
נאַסע פערד געשפּאַנט אין וואָגען
שלעפּען שטיל פאַרביי אַוועק.
אַט אַ פרוי איז דורכגעלאָפען,
בלויע קליידער, ווייסע שיך,
און אַ רויטען רעגענשירעם
האַלט נאָך אָפען איבער זיך.

אויפ'ן מערב שטארבען, שטארבען
ציטערדיגע שטראלען פארבען.
גאלד און בלוי און גרוי און פורפור
שפינט זיך, ציטערט אין דער לופט.
און אין קיהלען שטילען טאל
פינקלען לויטער ווי קריסטאל,
פונקען טהוי און פונקען דופט.

און אין טאל קלינגט אויף א ליעדעל...
בענקט א מיידעל? וויינט א פידעל? —
מיידעל, פידעל שטילער, שטילער!...
אויסגעפוצט אין זייד זעפיר,
אין א שטערען דימענט קרוין,
וועט די נאכט ארונטערגעהן
טרייסטונג ברענגענדיג פאר דיר.

פאַרנאַכט, ווען די זון איז פערשוואונדען,
האָט עפּעם אַ מענש מיט אַ הויקער
ביים ראַג דעם לאַנטערען געצונדען,
און איז אין די גאַסען פערשוואונדען.

און שרייענדיג, האָבען די קינדער
געטאַנצט אין דעם שיין פון לאַנטערען:
פאַר זיי האָט אַ בעטלער אַ בלינדער
געשפּיעלט אויף זיין אַלטינקער פידעל...

מיר און פענסטער צוגעשלאסען
און דאם לעמפעל אויסגעשלאשען. —
ליולינקע מיין אינגעלע.

שטיל און פינסטער איז אין חדר.
— אוי! ווער שארט עם דארט כסדר?
ליולינקע מיין אינגעלע.

ס'שארט א מייזעל אין די ספרים.
— קומען מתים פון די קברים?
ליולינקע מיין אינגעלע.

אויף די קברים וואקסען בלומען.
— ווען די מאמע מעהר ניט קומען?
ליולינקע מיין אינגעלע...

לייטער איהר נשמה, בורא!
— טאטע, טאטע! איך האב מורא!
ליולינקע מיין אינגעלע.

ד'וועל דיך היטען ווי די מאמע,
וועל דיך היטען ווי די מאמע,
ליולינקע מיין אינגעלע!

אין די ווינגען וויינען קינדער,
ווינגען מאַמעס צו:
— ליולינקע ליו ליו,
מיט אַ טאַרבע נעהט אַ בלינדער
שלעפט זיך צו זיין רוה,

קלאַפט דער בלינדער אין אַ טויער,
אין דער טויער צו.
זיפצט דער בלינדער אין זיין טרויער:
נאַט פאַרנעם כאַטש דו!

און ביים טויער ליגט דער בלינדער,
דעקט די נאַכט איהם צו,
וויינען אין די ווינגען קינדער,
ווינגען מאַמעס צו:
ליולינקע ליו ליו!

מויערן, שטיינערנע, פינסטערע, הויכע
קריכן אין פינסטערן הימל אריין.
אווענד און נעבעל, עלעקטרישער שיין,
אויגן געצונדענע גרויסע און בלייכע,
אויבן די באהנען און אונטן טראמווייען,
אויטאמאבילען און פרויען און פערד,
מישן זיך אום אויף דער שטיינערנער ערד,
מישן זיך, רודערן, פינקלען און שרייען.

איצטער וואך אויף פון דיין טאגיגן דרימל
זינדיגער, בלינדער און שווארצער פארלאנג,
און ווי א פלינקלדיג פלאמיגע שלאנג
ריים זיך אריבער דער שטאדט ביז אין הימל!

כ'האָב אין מיטען טאָג אַ פאָרהאַנג אויף מיין פענסטער אויפגעהאַנגען
פון דעם טאָג און פון די מענשען האָב איך פעסט מיין טיר פערמאַכט,
און אַ בלייכער אין דער פינסטער בין איך לאַנג אַרומגעגאַנגען,
און די קאַלטע הענד געריבען, און צו זיך אַליין געלאַכט.

נאָכדעם בין איך לאַנג געלעגען, ווי אַ טויטער, ווי אַ טויטער...
(קיינער זאָל פאַר מיר ניט ווייזען זיין דערשראָקענעם געזיכט!) —
נאָר מיין האַרץ און מיינע אויגען פלאַמיג, פיבערדיג, צושפרייטער,
האָבען שטומערהייט געיאָמערט נאָך געשרייען און נאָך ליכט.

בין איך נאָכדעם אויפגעשפרונגען, און צום פענסטער צוגעשפרונגען
און דעם פאָרהאַנג אָבגעריסען. און די פענסטער אויפגעפראַלט, —
דאָרט אין אָווענד האָט די גאַס איהר אַלטע, אַלטע ליעד געזונגען,
פייערען געפינקעלט האָבען אין דעם שטויביגען אַספאַלט.

פרויען זיינען אומגעגאַנגען, און געשריען האָבען קינדער.
(קיינער זאָל צו מיר ניט קומען מיט קיין ווייענדיגע רייד!) —
און אַנטקעגען, פאַר מיין פענסטער, איז געשטאַנען שטום אַ בלינדער
און האָט פויל זיין קאַטערינקע מיט זיין בלינדער האַנד געדרעהט.

הויב אויף די אויגן, זעה: די נאכט וועט באלד פארהילען
די שטאדט ניו יארק אין נעבעל בלוי, און לייכט און ווייך,
און אין מיליאנען פענסטער גאלדיג רויט און בלייך
באלד וועלען זיך מיליאנען לאמפען ליכט צושפּיעלען.

און העל־באלויכטענע די באהנען וועלען ברילען
ווי שלאנגען פליהענדיג דורך דעבער אין דער הויך
און אונטען וועלען ראיען זיך אין רעש, ליכט און רויך,
טראמווייען, פוהרען, מענשען און אויטאמאבילען.

און דיינע אויגען זיינען קאלט און אויסגעלאשען,
זיי פיהרען דיך אין רעש פון די גאסען אום,
נאר פרעמד איז דיר די וועלט וואס רינגעלט דיך ארום.
דו הערסט א פרעמדען אומבעקאנטען לשון,
דו הערסט, דאס פרעמדע לעבען רעדט, נאר שטום
די ליפּען דיינע זיינען — שטום און צוגעשלאסען.

## הערבסטיגער רעגען

גרוי און אלט גרוי און בלאַס
איינגעהויקערט און נאַס,
  גײט ער אום אויף א קוליע אין גאַס.
און ער טאַפּט פאר זיך בלינד,
און ער וויעגט זיך פון ווינד,
  און גיסט טרערען אויף אונזערע זינד.

זי איז ביי דעם פענסטער א בלאסע געשטאנען.
א בלאסע, א שטילע, מיט פלאמיגע אויגען
געקוקט האט זי ווייט, וואו די נאכט האט פערצויגען
די רוישיגע שטאדט אין טומאנען,
אין רויט גרויע שלייערס טומאנען. —

וואו עפעס א מחנה צושטרייטע מכשפות
האט כשופ׳דיג לאנגזאם אין פינסטערע פענסטער,
פון ריעזיגע שטיינערנע טורמעס געשפענסטער,
געצונדען בריליאנטענע שריפות,
געצונדען פער׳חלומ׳טע שריפות.

געברענט האט די שטאדט. און געברענט אויף איהר בלאסען
געזיכט האבען רויזען... צופענט די אויגען
מיט פייער — אהן ווערטער, האט זי מיך געצויגען
אהין, אין די פלאמיגע גאסען,
אהין אין די רוישיגע גאסען.

מיין טיר איז געווען ניט פערשלאָסען ווי אימער...
און איך האָב געשמייכעלט: מיין שמעטערלינג פרייער,
דיך לאָקען די גאַסען אין נאַכטיגען פייער,
און מיך — מיינע שאָטענס פון צימער, —
און איך בין פערבליבען אין צימער.

דאָס קליינע בלימעל בענקט פאַרנאַכט
נאָך דעם לבנה ווייסען שטראַל,
דער וואַנדערער אַליין, פערשמאַכט,
אין מדבר זוכט א קוואַל.

און איך — א פרעמדער, הער זיך צו
צו דעם געשריי פון גאַס, און בלאַס
און קראַנק, איך גאַר אזוי נאָך רוה
פון דעם געשריי פון גאַס.

דער ווינטער אוועקגעגאַנגען? — 

דער ווינטער אוועק געדויערט.
דער זייגער אויף דער וואַנט,
דער זייגער ער צעהלט פאַרטרויערט
די רגע'ס נאָכאַנאַנד.

און ווי אין אוועקגעדרען אימער
דער לאָמפּ א שטילער שיינט.
און איך שפּאַן ארום אין צימער
און טראַכט פון דיר, מיין פריינד.

די גאַסען איצט פרעהליך לעבען
אין שאָטענס, ליכט און שניי,
און שליטענס און מענשען שוועבען
מיט אימפּעט און געשריי,

און פרויען מיט הייסע בליקען,
אין פוטערוואַרג און זייד,
זיי זאָגען צו גליקען, גליקען,
דאָרט ווייט, אויף יענער זייט...

דער ווינטער אָוועגד געדרויערט...
כ'וועל גאָר אין גאָס איצט געהן,
און אומגעהן אליין, פארטרויערט
נאָך דיר, מיין פריינד, אליין.

און אפשר — כ'וועל זיך ניט שעהמען —
(מיין הארץ, מיין הארץ, ניט שפּאָס!)
וועל איך אין מיין צימער נעמען
אויף נאַכט א פרוי פון גאָס.

דער בריק איז פוסט געווען. ס'איז נאכט געווען. נאר ווען ביט ווען פארביי
איז דורכגעפליגען רוישיג, זינגענדיג א ליכטיגער טראמוואי,
און איך, און ער, א קליינינקער, מיט אקסלען שמאלינקע, ווי ביי א פרוי,
מיט לאנגע האר, מיט ברעמען שווארצע־שווארץ, מיט אויגען שארף און גרוי, —
מיר זיינען אנגעלעהנט געשטאנען אויפ'ן בריק ביים גרויען פלויט.
און פריש, און קיהל, און אפען האט אויף אונז די שטילע נאכט געוועהט.
איך האב גערויכערט אומרוהיג. און ער — מיט צוטרוי און געבעט
האט פון זיין ווייטען, ווייטען לאנד פערבענקטערהייט גערעדט.
איך האב גערויכערט. אונטען האט דער טייך געאטעמט שווער און טיף.
און דארטען ווייט האט שלאנגיש־קריכענדיג בעוויזען זיך א שיף...
און דארטען ווייט האט פון דעם נעבעל קוים א האפען זיך געבלייכט,
און פון דער וואכעדיגער שטאדט האט קוים דער ווייטער רויש געגרייכט —
און ער — ווי טיפער וואלט דערפיהלט די בענקשאפט צו זיין ווייטען לאנד,
האט ער דריי שטילע, שטילע מאל א קוש געטאן מיין קאלטע האנד.

דאָ איז די שטילע אַלעע,
דו מיט דיין פינסטערען בלוט
שוויג, דאָ איז רוהיג און גוט.

שוויג, און פאַרנעהם די געשרייען:
ווילד, אין דער נאַכט, און צו גאָט
שרייט עס די נאַכטיגע שטאָדט.

וויינסט... אין די שטילע אַלעען
וויינען דער הערבסט און די רוה
בלעטער פאַרוועלקטע און דו.

מען וועט אין א הערבסט־נאכט אין רעגן אין גאס מיך א גוסס געפינען.
מיך וועלן די מענשען בעטראכטען מיט נייגעריג־קאלטע און ווילד־פרעמדע אויגען

און איינער א מענש וועט מיט פארזיכט אריבער מיין קערפער זיך בויגען
און שפייענדיג, וועט ער מיט עקעל אין ווייטערע גאסען אנטרינען.

כ׳וועל בלייבען אליין. און די נאכט וועט זיך ציהען. דער הערבסטיגער הימעל וועט זיפען

מיט אייז־קאלטען רעגען. מיט שווערע און בלייערנע טראפענס
דער רעגען וועט שווענקען און שווענקען דעם גליטשיגען שטיין מיר צו־קאפענס,
די שמוציגע קליידער אויף מיר און מיין בלוט פון די גוסס׳ע ליפען.

כ׳וועל רופען א נאמען. מיין רופען פערשטארבען וועט ווערען,
און אויבען דער הימעל — א פינסטערער קבר — אויף מיר וועט זיך שפרייטען.
און דא, ארום מיר, וועלען שווארצען זיך הייזער און אייזערנע פלויטען,
און דארט אויפ׳ן ראג אין דעם רעגען וועט צאנקען א בלייכער לאמטערען.
א גאס־הונד, פערבלאנדזשעט פון ערגעץ, דעם שטיין מיר צוקאפענס וועט ראיען
דאס בלויע, פערגליווערטע פלייש פון מיין פנים זיין הונגער וועט לאקען.

ער וועט מיר דאָס פּנים אַ שמעק טהאָן און אָבשפּרינגען וועט ער צושראַקען
דעם קאָפּ צו דעם הימעל פּעררימען, וועט ער זיך צואוואָיען, צואוואָיען.
און טריט וועלען הילכען אין רעגען. און טריט וועלען ווערען פערפאַלען.
אַ וועכטער וועט צוגעהן. אַ שטומער. ער וועט מיט זיין פוס אָן מיר קלאַפּען.
ער וועט מיך בעטראַכטען. אַ שטומער. זיין האַנד וועט מיין האַנד ארומטאַפּען,
און וועט אין דער נאַכט ערגעץ געבען פער'סוד'עטע ווייטע סיגנאַלען.
און וואָיען דער הונד וועט אין רעגען. און ערגעץ אַ שלאָפּלאָזע מוטער,
וואָס קען מיט איהר נאָיענדען ניגון דאָס וויינענדע קינד ניט פערוויגען,
וועט ווייזען דעם קינד אויפ'ן פענסטער. — דאָס קינד וועט באַלד ווערען
אנטשוויגען.

די מוטער וועט שעפּטשען צושראָקען: שאַ... שאַ... דאָרטען האַלט דער
ניט־גוטער.

זיי זיינען ביידע שפּעט ביינאַכט
ביים ווייסען טישעל אין קאָפּע
געזעסען און גערעהט,
גערויכערט און גערעדט,
און עפּעס וואָס פאַררעדט...

זיי האָבען ביידע גוט געוואוסט,
אַז דאָ, ביים טישעל אַרום זיי,
אין זייער רויכערען,
אין זייער יעדען וואָרט
דער אַלטער טרויער היט.

און ווען זיי זיינען פון קאָפּע
ארויסגעגאַנגען אויף דער גאַס —
אַ נעבעל, דין און קיהל
האָט אויף דער גאַס געוועהט,
אין פּנים זיי געוועהט...

און דאָ און דאָרט אַ בלאַסער שיין
האָט אומעטיג און שטיל געוויינט.
און אויפ׳ן האַרטען שיין
פון אַ פערשפּעטיגטען
די טריט האָבען געוויינט.

זיי זיינען מיט דער גאַס אַוועק.
און האָבען גאַרנישט גערעדט.
זיי האָבען גוט געוואוסט:
אַז דאָ, אין גאַס, מיט זיי
דער אַלטער טרויער היט...

זיי זיינען ביידע ביי אַ ראָג
געבליבען שטעהן. אַ גאַסענפרוי
האָט זיך פאַרביי געשלעפּט
אַ מידע פון איהר נאַכט.
אַ בלאַסע אין דער נאַכט.

זיי האָבעןביידע זיך פערשעמט:
דער טרויער וואָס האָט זיי געהיט
איז מיט דער גאַסען פרוי
אַ יונגער, שמייכלענדיג
פארשוואונדען אין דער נאַכט.

און ווען זיי האָבען זיך געשיידט —
דעם אויסזעהן פון דער גאַסענפרוי
האָט יעדערער פון זיי
מיט זיך, צו זיך אהיים
געטראָגען שמייכלענדיג...

איך שטעה ביי מיין טויער אליין,
אין הויז האב איך מורא צו געהן.

מיין הויז איז פערלאזען און טויט,
ביז איבער די פענסטער פערשנייט,

די ווענד מיינע זיינען אין אייז,
דעם דיל מיינעם גריזשען די מייז:

און אימיץ א בלייכער און שטום
שפאנט איבער די צימערען אום.

און קוקט אין דעם שפיגעל זיך איין
און זיפצט אין פערבארגענעם פיין:

און קניהט פאר מיין ליידיגען בעט,
און שטרעקט זיינע הענד אין געבעט,

און רעדט פון געטועטע זינד.
און וויינט ווי א קינד, ווי א קינד, —

איך שטעה ביי מיין טויער אליין.
אין הויז האב איך מורא צו געהן.

א שלאם הענגט ביי מיר אויפ'ן טיר.
און כ'האב ניט קיין שליסעל ביי מיר.

איך האב איהם פארווארפען אין שניי.

אין דיינע אויגען ווייגט דער הערבסט —
מיין הערבסט, דער נעבעל און דער פארק,
די ווייטע פייערן, די נאכט,
און די געשרייען פון דער שטאָדט.

אין דיינע אויגען ווייגט די נאכט —
מיין נאכט, דער אלטער פארק, און איך,
די ווייטע פייערן, די שטאָדט,
און האָרטען דיין פארלאָזטע קינד.

שטילער, שטילער, באהאלט די טרערן,
גאָט, אונז אַלעמען באהיט,
אַז זיי זאָלן נאָך דערהערן
אין דעם אויפגעהן פון די שטערן
— אונזער אַלעמענס געמיט,
גאָט אונז אַלעמען באהיט!

שטילער, שטילער, באהאלט די טרערן,
גאָט, אונז אַלעמען באהיט,
אַז זיי זאָלן נאָך דערהערן
אין דעם שיינען פון די שטערן
— זיינע קומענדיגע טריט.
גאָט אונז אַלעמען באהיט!

איך בין געקומען צו אייך
שיינען אין ליכט פון מיין וועלט.
און ווי א ליכטיגער טייך
ביי אייער ברעג זיך געשטעלט,
ווייזען מיין שעהנקייט פאר אייך.

איך בין געקומען צו אייך
שיינען אין ליכט פון מיין גרויס,
און ווי א רוישיגער טייך
זינגט פון די ברעגען ארויס,
זינגען מיין גרויסקייט פאר אייך.

איך בין געקומען צו אייך
שיינען אין ליכט פון מיין וועג,
און ווי א שטראמיגער טייך
זוכען א ווייטערען ברעג,
ערגעץ, נאר ווייטער פון אייך.

אַט בין איך אַהער געקומען,
האָב דאָ דורכגעפיהרט אַ צייכען,
האָב דעם צייכען אָבגעשוואַרצן
און האָב דריי מאָל אָבגעשפייט;
איצט וועל איך שוין זיין אַליין! —
איצט, אַז ווען די נאַכט וועט קומען
וועט צו מיר אַהער ניט גרייכען
דיין געוויין אויף דיינע יאָהרען: —
פון דיין דורכגעקרייצטער ווייט
דיין געקרייציגטער געוויין.

דו ביזט געשטאָרבען יונגערהייט א שטאָלצער אויף דער תליה,
דיין שטאָלצען טויט האָט נאָר געזעהן דער תליון און די נאכט,
און ווען מען האָט די בשורה פון דיין טויט צו אונז געבראכט, —
אָהן טרערען, שטומע, האָבען מיר נאָך דיר געריסען קריעה
און עפּעס בלוטיגעס און בייזעס האָבען מיר פאַרטראַכט...

און איינמאָל אין א שווארצער נאכט, ווי קריכענדיגע שלאַנגען
געלויערט האָבען מיר די טריט פון שווארצען פיינד.
און שיפּענדיג ווי שלאַנגען האָבען מיר געשוואָרען: היינט!
און אז די זון א גאָלדענע פאַרטאָג איז אויפגעגאַנגען
האָט אין דער זון אונז שמייכלענדיג דיין שעהן געזיכט געשיינט.

אין דער ענגער וועלט פארשפארט,
אין דער לאנגער נאכט, —
שווארץ און פינסטער ווי די נאכט,
האט איהר אויף מיין ליכט געוואכט,
און זיך ניט דערוואַרט.
אין דער נאכט, א קינד, און בלינד,
האב איך אייך געזוכט,
און געשטאָרבען זוכענדיג, —
און געשטאָרבען ווי א קינד,
אין דער נאכט — א קינד.

ווערטער בעטען, ווערטער וויינען,
און די הענט — פארבענקט און בלינד,
בענטשען האפערדיג און קרויגען
אונזער נביא, אונזער קינד.

אויגען ווארטען, אויגען טרוימען,
און די הענט — פארבענקט און בלינד,
טראָגען אין די ווייטע רוימען
אונזער נביא, אונזער קינד.

פארשטויבטע, מיט פינסטערע אויגען,
באוואקסען מיט בערד,
זיי געהען אין רייהען געבויגען
די קעפּ צו דער ערד.
פאר וואָס וואָלט פאר זיי ניט געפלאטערט
די היילִיגע פאָהן ? —
איז קליין בין איך, קליין און פערמאַטערט, —
איז וואָס זאָל איך טאָן ?

ניט אין דעם גרויען שטויב פון דיינע קלוגע ספרים,
און ניט אין דיינע הייליגע און שעהנע קברים,
נאָר אין דיין גרויסען גורל'ס האַרטען אנגעזיכט,
האָב איך דערזעהן דיין ליכט.

און אין מיין מאַמע'ס אַלטע ליידענדיגע אויגען,
ווען זי האָלט בענשענדיג די דאַרע הענט פאַרבויגען,
פאַר איהרע ליכט פון שבת אויף מיין קינד'ס געזיכט,
האָב איך דערזעהן דיין ליכט.

איך נעהם אויף זיך א נדר:
פארלאָזען זיך א באָרד,
און טראָגען אַלטע קליידער;

די הענט פארלייגט אויף הינטען,
אזוי צי אָט אזוי
זיך לאָזען מיט די ווינטען,

און זאָלען זיי מיך יאָגען! —
איך האָב דאָ אין דער גאָס
א פרעמדען קינד געטראָגען!

דעם גרויסען אונגליק אייערען האָב איך פאַרנומען,
דאָס אונגליק געהט מיר נאָך נאָך אַלע מיינע טריט.
נאָר מיט קיין טרייסט בין איך צו אייך דאָך ניט געקומען —
ווייל טרייסטען קען איך ניט.

ווייל טרייסטען קען איך ניט... נאָר טיף אין מיין נשמה
האָט ווי דער סם המות רויטער אויפגעברענט
פאַר אייער ריינע בלוט די הייליגע נקמה, —
איז וואָס האָב איך געקענט?

איז וואָס האָב איך געקענט?... איך האָב מיין קאָפּ געבויגען,—
אויף זייער קאָפּ זאָל פאַלען אייער ריינע בלוט,
און דו, מיין זוהן, מיין איינגעלע מיט בלויע אויגען,
וועסט וויסען וואָס מען טוט?

זיי האָבען געזאָטעלט זיין פערד
און שטילע געבויגענערהייט,
די קעפּ צו דער נאַכטיגער ערד
אין צער און אין שרעק איהם בעגלייט.

צי ער האָט דערפיהלט זייער שרעק,
צי ער זייער צער האָט דערזעהן —
א שטילער ווי ער איז געווען,
א שטילערער איז ער אוועק.

און ווייט אין דער נאַכט האָט א צייט
פון איהם זיך געצויגען א שיין,
און זיי האָבען נידער אין פיין
געקניהט פאַר'ן שיין אין דער ווייט.

דערנאָך אז זיי האָבען געקניהט —
זיי האָבען פאַרוואַגעלטערהייט
אויף וועגען צוזייהט און צושטרייט
געזוכט פון זיין פערד זיינע טריט.

און איצט ווערט אין ספרים דערצעהלט
אז גאָט האָט צו זיי איהם געבראכט,
און גאָט האָט פון זיי איהם דערוועהלט,
אז ער זאָל אוועק אין דער נאכט,
א חלום פאר זיי אין דער נאכט.

הער, טאטע, ניט קנייטש אזוי בייז מיט'ן ברעם,
און האלט ביי דער האַנט מיך ניט צו.
איך ווייס ניט צי דאָס איז א חלול השם, —
איך ווייס אָבער גוט וואָס איך טו!

ווי דו, בין איך שטיל, און ווי דו בין איך גוט,
און גוט און פאַרגיביג צו זיי; —
נאָר איך האָב דערהערט א געשריי אין מיין בלוט —
פון דורות דעם גרויסען געשריי.

און אָט א דער מעסער, דו זעהסט, וואָס איך שאַרף,
וועט נעמען ביי זיי אונז די רוה!
גו טאטע, טאָ לאָז מיך דערשאַרפען. מען דאַרף.
מען דאַרף, און איך ווייס וואָס איך טו.

אין דער נעבעלדיגער נאכט
האבען מיר פארנומען קלאנגען,
נאהענטע און ווייטע קלאנגען, —
זיינען מיר אוועקגעגאנגען
נאך די קלאנגען אין דער נאכט,
אין דער נעבעלדיגער נאכט.

אין דער נעבעלדיגער נאכט,
זיינען מיר אזוי געגאנגען,
זיינען אין דער ווייט פערגאנגען,
ביז די ווייט האט אונז געפאנגען
און פארשפארט אונז אין דער נאכט,
אין דער נעבעלדיגער נאכט.

איילי ליו ליו, נאכט און רעגנ,
איילי ליו ליו, נאכט און ווינט,
אין דער נאכט און אין דעם רעגן,
אין דער נאכט און אין דעם ווינט,
געהען מענשען אויף די וועגען
און פארוואגעלטע ווי הינט,
נאס, און הונגעריג ווי הינט,

איילי ליו ליו, נאכט און רעגנ,
איילי ליו ליו, נאכט און ווינט,
ליו ליגקע מיין קינד!

און וואוהין די מענשען געהען ? —
ווייס די נאכט און ווייס דער ווינט,
אהן געוויין און אהן געשרייען
אין דער נאכט און אין דעם ווינט
געהען זיי אזוי אין רייהען
נאס, און הונגעריג וויא היינט,
און געטריעבענע ווי הינט.

איילי ליו ליו, נאכט און רעגען,
איילי ליו, נאכט און ווינט,
ליו ליוּנקע מיין קינד!

פון שטויב האָט גאָט מיך אויפגעהויבען
אונ מיך דערהויבען איבער אייך,
אז איך זאָל אייער כבוד לויבען,
אז איך זאָל גרויסען אייער נאָמען,
אז ווען איך וועל ניט זיין מיט אייך —
זאָל זיין מיט אייך מיין נאָמען. אמן.

שטילער! שטילער! רעדט ניט הויך!
שטעהט געבויגנע שווארץ און בלייך.
איינגעבויגענע אין פיין,
שווייגט און האלט דעם אטעם איין.

פון דער טיעפער נאכט ארויס
און פון קיינעם ניט געהערט,
וועט ער אויף א ווייסען פערד
קומען שטיל צו אונזער הויז.

פון זיין לויטערען געזיכט
און זיין קלאהרען ווייסען קלייד
וועהען וועט אויף אונז די פרייד,
פאלען וועט אויף אונז זיין ליכט.

זייט נאר שטילער! רעדט ניט הויך!
שטעהט געבויגנע שווארץ און בלייך.
איינגעבויגענע אין פיין,
שטעהט און האלט דעם אטעם איין.

אויב מען האָט אונז אָפּגענאַרט,
און מען האָט אונז אויסגעלאַכט,
און די גאַנצע לאַנגע נאַכט
האָבען מיר אומזיסט געוואַרט, —

וועלען מיר אין אונזער בראָך
בויגען זיך צום האַרטען דיל
און מיר וועלען שווייגען שטיל,
שטילער נאָך און שטילער נאָך.

זייט זשע שטילער! רעדט ניט הויך!
שטעהט געבויגען שוואַרץ און בלייך,
איינגעבויגענע אין פּיין,
שטעהט און האַלט דעם אָטעם איין...

טויבענשטילע, בלויע אוועגד שטונדען!
שפרייט פאר מיר מיין אוועגד טרוים צושפרייטער!
איצטער גליהען ציטעריגער, רויטער
מיינע שטילע רויזען — מיינע וואונדען.

איצטער שטארבט אין גאסען דער געפילדער;
טריט און ווערטער הילכען שטילער, ווייכער,
אויגען בענקענדיג נאך אויגען, קוקען בלייכער,
הענד אין הענד געדריקטע רעדען עפּעס מילדער.

איצטער ווערט מיין בענקשאפט גאלד געצונדען.
הייסער ווערט מיין בלוט, מיין אויג ווערט ברייטער!
איצטער... איצטער ברענען רויטער, הויטער
מיינע רויטע רויזען — מיינע וואונדען!

דער טאָג האָט געזעגנט זיך טרויעריג־צאַרט
און טרויעריג־שטיל, — כ׳האָב געלאַכט:
אַ קראַנקער פון טאָג, — כ׳האָב געלאַכט און געוואַרט
מיט פרייד אויף דער נאַכט.

די נאַכט איז געקומען. מיין לאָמפּ האָט געברענט —
מיין האַרץ האָט געברענט אין דער נאַכט,
און איך האָב געוואַרט, און געבראָכען די הענט,
געוואַרט און געלאַכט.

דער טאָג פֿאַרגעהט.
טוה אַז א ווייסען קלייד,
און לאַז פאַרנאַנדער דיינע צעפּ,
און אויפ'ן קאָפּ ציה אַז א שווארצע קרעפּ,
און טרייסעל אָפּ פון טאָגעדיגען שטויב דיין זעעל,
און נעה דריי טריט ארויס פון דיין פארזארגטען שוועל.
די אויגען טרויעריג צום מעריב רוים געווענדט —
פארברעך אין תפילה'דיגען שווייגען דיינע הענט!
און מיט פארקלעמטע ליפּען שמייכעל שטומערהייט:
„דער טאָג פארגעהט!...“
דער טאָג פארגעהט, דער טאָג פארגעהט, ער מוז פארגעהן.
און אויב דיר ווילט זיך ווייגען, וויינען, וויינען, — וויין!
דער טאָג פארגעהט.

אין בלייכע צארטען גאלד, די זון מיין פענסטער פארבט,
דאס הייסט, איך וועל מיין קאפ אין טיעפען טרויער נייגען,
און וויינען, וויינען שטיל מיט שטומע בלייכע אויגען
די שעה ווען אויף מיין פענסטער שטיל די זון פארשטארבט;
דאס הייסט, איך וועל א נאכט ביים קבר פון דער זון —
ביים לאמפ, ביים צאנקענדיגען, רויכערדיגען שימער
אין מיינע שטיינערנע און גרויע ווענד פון צימער
א שאטען זיין, אין שאטענס נאכטיגען טאבון.

אויף מיין קאַלטען שוואַרצען פענסטער
שוועבט אַ שמעטערלינג אַרום,
צאַפּעלט זיך און בעט זיך שטום
צו מיין לעמפּעל, צו מיין לעמפּעל.

קאַלט און פינסטער איז דער אָבענד —
און די נאַכט וועט פינסטער זיין;
קום מיין שמעטערלינג אַריין,
צו מיין לעמפּעל צו מיין לעמפּעל.

דארטען ווייט ארונטער ליגט דער פארק א רויטער.
הערבסט. איך ווארט. אליין, אליין.
דארטען איז די קאלטע רויטע זון פארגאנגען.
וויין נשמה, וויין!

דארטען ווייט ארונטער, בלויער און צושפרייטער
געהט די נאכט. איך ווארט, אליין.
אויבען איז דער ערשטער שטערען אויפגעגאנגען.
וויין נשמה, וויין!

ניט פרעהליך ציהען זיך שעה'ן
אין אווענד מיעד אריין.
ניט היימליך. דער לאמפ גיסט בלויען,
פארקלערטען, בלייכען שיין.
און שטיל און פארהילט אין גרויען
מיין אומעט קומט אריין.
און ווייזט מיר: „הער זיך איין,
ווי ס'וויינען אין דרויסען די קראהען."
— מיין פריינד, א מיין פריינד אין גרויען,
איצט רייד ניט פון מיין פיין! —
איצט וויל איך רוהיג זיין
און קירצען די שווערע שעה'ן
מיט רויבערען און ווייז!

— אוועגד. איך וועל אייך ניט שטערען,
זיצט אין דער פינסטער אזוי! —
און איך באהאלט מיינע טרערען,
און איך פארשטיק מיין געשריי,
און אין דעם פענסטער די שטערען
שיינען. איך שטעה, קוק זיך איין,
און עפעס אויגען אין טרערען
קוקען אין הארץ מיר אריין.

וואָס טוט מען אין דעם לאַנגען אָוונט, ווינטער? —
מען זיצט ביים טיש. מען שווייגט. דער אויוון ברענט.
מען רוקט פערטראַכט די קאַלטע פּען אין טינטער.
מען שמייכעלט פויל, מען רייבט די קאַלטע הענט.
מען רויכער׳ט אומרוהיג...

און אַז מען גיט אַ טראַכט, אַזוי זיך פון די שכנים
אַז יעדער רוהט פון לאַנג שוין אין זיין בעט —
און, אַז עס שאַרען אויף די טרעפּ זיך טריט פון איינעם
וואָס קומט פון גאַס אַהיים אַליין און שפּעט —
פערטראַכט מען זיך, הם... הם...

דער זייגער האָט צוועלף שוין געשלאָגן —
ס'איז צוועלף שוין א זייגער ביינאַכט.
איך קוק אויפ'ן זייגער און טראַכט:
דער זייגער האָט צוועלף שוין געשלאָגן.

איך וואַרף אין דעם אויוון די קויהלען.
דער פייער ווערט העלער און קנאַלט.
פאַר וואָס־זשע איז מיר אזוי קאַלט? —
איך וואַרף אין דעם אויוון די קויהלען.

ווער וועט מיך צום בעטעל בעגלייטען?
איך בין אזוי עלענד און שוואַך
איך שלעפּ זיך צום בעטעל און לאַך:
ווער וועט מיך צום בעטעל בעגלייטען?

פערלעשען דאָס לעמפּעל אין גאַנצען?
ס'איז אומעטיג עפּעס... איך וויים?
מיין בלייך־דאַרע האַנד שטרעק איך אויס: —
פערלעשען דאָס לעמפּעל אין גאַנצען?

איך נורע זיך טיעפער אין קאלדרע.
ס'איז שטיל. ווער־זשע קלאפט אין דער שטיל?
דאס גריזשעט א מייזעל דעם דיל.
איך נורע זיך טיעפער אין קאלדרע.

כ׳האָב ליב דעם הערבסט מיט זיינע טרוימען־שלאַנגען,
אין זיינע לאַנגע נעכט פאַרנעבעלטע, ווען שטום
אין נעבעל פון די נעכט מיין דמיון בלאָנזשעט אום
און זוכט אַ גרונט — אין נעבעל אַ פאַרלאָרענעם — אַ גרונט.

און דאָרט, אין גרויסען עלענד אויסגעגאַנגען,
מיט אויסגעדאַרטע, נעגעלדיגע לאַפּעס־הענט
פאַרוואָרפען אין דער וועלט — צו קיינעם ניט געווענדט —
זיין גרויסע נע ונד ליעד זינגט, דער ליריקער — דער הונד.

נאכט. איך ליג אין בעט. דער ווינד
רייסט די שויבען. וויינט אין קוימען.
דיך, מיין ווייט־פארוואגעלט קינד,
רופען מיינע טרוימען.

טריט... איך שפרינג פון בעט. ווער געהט? —
אוי, דאס רייסט דער ווינד די שויבען...
מיינע טרוימען שטילערהייט
ווארקען ווי די טויבען.

קושט דער שלאָף די אויגען איהרע, קושט די אויגען איהרע זאַכט.
נאָר דיין האַרץ איז בייז און שלאָפלאָז, בייז און שלאָפלאָז איז דיין נאַכט,
וואַרפסטו בליקען צו דעם פענסטער, וואַרפסטו בליקען צו דער טיר,
וואַרטסט אויף קיינעם ניט, און קיינער וועט ניט קומען איצט צו דיר.
לעשסט דעם לאָמפּ אויס, ליגסט אין בעט זיך, צעהלסט, אַז קומען זאָל

דער שלאָף.

וואַרפסט זיך, ציהסט זיך אין דער פינסטער.—האָף ניט, עלענדער, ניט האָף!
שפּרינג פון בעט אויף, לויף צום פענסטער, און דעם פאַרהאַנג רייס אַראָפּ.
עפען האַסטיג אויף דעם פענסטער, שפּאַר אַרוים דיין הייסען קאָפּ.
זעהסט די גאַס אין נאַכט פערלאָרען, זעהסט די טויבע, בלינדע גאַס;
דאָ און דאָרטען אַ לאַמטערען איינזאַם — איינזאַם ציטערט בלאַס.
אין די גרויע שטילקייט זעהסטו, זעהסט די שלאָפעדיגע רוה —
דאָ און דאָרטען אַ לאַמטערען איינזאַם איינזאַם ציטערט בלאַס.
וועסט אַ פייף טאָן, אַ געשריי טאָן, ווילד וועט הילכען דיין געשריי.
דאָרטען, ערגעץ אין דער פינסטער, וועט אַ זייגער שלאָגען צוויי.
צוויי אַ זייגער! — וועסט אַ לאַך טאָן, וועסט אַ קריץ טאָן מיט די ציין,
און וועסט הערען טריט געאיילטע קלאַפּען, קלאַפּען אויפ'ן שטיין,
קלאַפּען, קלאַפּען און פערשטאַרבען...

דאָס ליכט גײט אױס, — מײַן ליכט. איך זיץ אַלײן.
דעם קראַנקן קאָפּ צום האַרטן טיש געלענט.
די אױגן אױסגעלאָשענע, די הענט
פֿאַרבראָכענע אין צװײפֿל, און איך װײן.
איך זיץ און װײן אין מיטן נאַכט, אַלײן.

מײַן נאַכט! שפּרײט אױס פֿאַר מיר דײַן שװאַרצן שױס!
ענטבלױז פֿאַר מיר דײַן גיפֿטיק־קאַלטע ברוסט! —
און װי אַ קינד פֿאַרזױגט, פֿאַרװױגט, פֿאַרקושט.
װיג אײַן מיך מיט דײַן סם, פֿאַרװיג, קוש אױס
דאָס ליכט, מײַן ליכט װאָס שטאַרבט בײַ דיר אין שױס.

איך קוק אין דער פינסטער אריין
און צעהל מיינע נאכטיגע שטונדען.
איך ווארט אויפ'ן מארגיגען שיין
און צעהל מיינע נאכטיגע וואונדען.
וועט קומען דער מארגען אמאל
אין זוניגע שטראלען געצונדען? —
איך צעהל מיינע נאכטיגע וואונדען
אין אוצרות פער'כשופ'טען צאל.

נאכט. סעקונדעז קלינגעז ווייסט און איינזאם, מאנאטאז,
ווייסט און איינזאם קלינגעז דיינע אונרוהיגע טריט.
זאג, אונגליקליכער, פערוואָרפּענער, וואס שלאפסטו ניט?
זאג, אונגליקליכער, פערוואגעלטער, וואס וועסטו איצטער טהאז?

ווידער וועט דיין נאכט אהן רוה און שלאף אזוי פארגעהז.
און א טאג וועט ביי דיין פענסטער שיינעז זוניג העל.
זאג, אונגליקליכער, ווער וועט זיך ווייזעז אויף דיין שוועל?
ווער וועט כאטש א שליידער טהאז אין שויב צו דיר א שטיין?

נאכט סעקונדעז קלינגעז ווייסט און איינזאם, מאנאטאז.
ווייסט און איינזאם קלינגעז דיינע וואקעלדיגע טריט.
זאג, אונגליקליכער, פערוואָרפּענער, וואס זאגסטו ניט?
שטעהסט אזוי... און קוקסט אזוי... און ווייסט ניט וואס צו טהאז...

מיין פריינד, מיין קלוגער פריינד! צי האט דיר ווען געטראפען
פון שלאף זיך פלוצלינג אויפכאפען אין מיט'ן נאכט,
און קוקען שטום פאר זיך, ווי עפעס וואס געטראכט,
נאר טראכטען טראכסטו ניט און לעגסט זיך ווידער שלאפען,
נאר שלאפען שלאפט זיך ניט... צום צוגעשפארטען פענסטער
ניט דיך א ציה. שטעהסט אויף און געהסט צום פענסטער צו.

די שטאדט שלאפט איצט געהילט אין נעבעל און אין רוה,
מיט איהרע הימעל־הויכע מויערען געשפענסטער.
קיין פייער אין קיין שויב, קיין שארך ניט צו דערהערען.
דו געגעצסט פויל, און מיד געהסטו צוריק אין בעט,
דו דעקסט זיך איין, דו ליגסט און טראכסט: — שוין שפעט ?
און טראכסט: — וואלסט כאטש אין גאס א פייער איצטער ווערען.

אימיץ קלאפט אין מיין פענסטער שטיל, שטיל, אין דער שטיל.
גערן איך צו צו דעם פענסטער מיט שרעקיג געפיהל:
— וועמען לאזט עס די הערבסט-נאכט ניט שלאפען?
אימיץ איז פון דעם פענסטער אנטלאפען...

און דארט ווייט און דארט ווייט, וואו די פינסטערניש גרויט,
וואו די נאכט האט איהר קעניגרייך בלינדען געבויט,
אין א שלייער פון נעבלען פארשלייערט,
אימיץ שטעהט דארט א בייזער און לויערט...

איך קוק פון פענסטער. דער ווייט אריבער
א וואלקען ציהט, א רעגען גיסט.
דו קומסט ניט, מיינער, דו קומסט ניט, ליעבער?
איך ווארט אומזיסט, איך ווארט אומזיסט.

איך צינד צוויי ליכט אן, איך נעהם צוויי שפיגלען,
איך זעץ אוועק זיך אין דער מיט.
געשטאלטען שוועבען אויף לייכטע פליגלען...
דיך זעה איך ניט, דיך זעה איך ניט.

איך לייג אין בעט זיך, דער שלאף זאל וויגען.
איך ווארף זיך, דרעה זיך ווי א שלאנג;
איך קאן ניט שלאפען, איך קאן ניט ליגען,
די נאכט איז לאנג, די נאכט איז לאנג.

## די נאכט

זי וועט ארומגעהן בלינדערהייט
מיט בלינדע פינגער טאפענדיג
אין גאסען אויסגעלאשענע,
מיט בלינדע פינגער קלאפענדיג
אין פענסטער צוגעשלאסענע.
זי וועט זיך זעצען ביי א פלויט,
די שווארצע האר צושויבערען,
און אימיצען צו לויערען
און אימיצען פארצויבערען
און אימיצען באדויערען.

איך זינג אין מדבר צו ווייטע רוימען,
איך זינג אין מדבר צו דער ווייט:
צו ווייטע רוימען פון מיינע טרוימען
צו דער ווייט פון מיין איינזאמקייט.

כ'האב ליעב דעם מדבר פון מיינע רוימען,
כ'האב ליעב דעם מדבר פון מיין ווייט —
ווייל אין מיר שלאגט העל א קוואל פון טרוימען,
וואס איך טרוים אין מיין איינזאמקייט.

**אין האפען**

גרויע מידע שיפען שטעהען אין דעם גרויען האפען.
אפגעברענטע פון די ים'ען פרעהליכע מאטראזען,
גלאנציג שווארצע נעגערן און פלינקע ווי די אפען,
לאדען אויס די גרויע שיפען אין דעם גרויען האפען.
און דער האפען הילכט פון גלאקען, קייטען און געשרייען.

און א דארטען, פון די רויהע ווינטען אויפגעבלאזען,
רויט פון פורפור, אויף א שיפעל זעגלען קליינע וועהען, —
איינער האט זיך א פערטרויטער ווייט אין ים געלאזען.
און פון דארטען קומט די נאכט, און רויהע ווינטען בלאזען,
און פון דארטען צו דעם האפען נייע שיפען געהען.

זי איז געשטאַנען ביי דעם ים,
צום ים מיט אויסגעשטרעקטע הענד.
דער לעצטער ווייטער רויטער שטראַל
האָט אין דעם טיפען בלויען וואַל
זיין גסיסה גאָלדענע דערברענט.

זי האָט געבויגען זיך צום ים.
...מיט נאַכט און פּחד הויכט דער וואַל —
וואוהין, פערבענקטעם קינד, וואוהין?
געשעפּטשעט האָט זי שטיל — אהין, —
צום שטראַל, צום לעצטען ווייטען שטראַל.

ווייט און ברייט און אפען
ווערט דער נעבעל קיהל,
גאלדיג בלוי און שטיל
ווערט דער ים אנטשלאפען.

גאלדיג בלוי געצונדען
אויף דער ווייטער טיעף
שווימט א זעגעל שיף,
שווימט, און ווערט פארשוואונדען.

ווי א האלבער הארען
די לבנה, הויך,
עלענד, קאלט און בלייך
קוקט אין ים פארלארען.

מיר זיינען לאנג ביים ברעג פון ים געשטאַנען
דערשראָקענע ווי קינדער.
פון ים איז ווייט דער נעבעל אויפגעשטאַנען
אַ גרויער און אַ בלינדער.

און דאָרטען, לינקס, פון דרעמעלדיגע לאַנען
איז האָריזאָנט געמויערט,
מיט אויגען־פייערן, די שטאָדט איז אויפגעשטאַנען
אַ שווארצע און געלויערט.

און דאָ ביים ברעג וואו מיר זיינען געשטאַנען —
פון נעבעל איינגעשלונגען
די וועל איז פון דעם נעבעל אויפגעשטאַנען
און אונזער שרעק געזונגען.

דער ים האָט געוואַשן די שטיינער,
און דאָ אויף אַ שטיין, ביי דעם ברעג,
האָט איינער אַ יונגער, אַ שעהנער,
מיט דינע פאַרנעבעלטע רייד
זיין טרויער פאַרטרויט פאַר אַ פריינד.

דער ים האָט געוואַשן די שטיינער.

אַ שיף איז אין נעבעל געשוואומען.
— מיין פריינד! — האָט דער צווייטער געזאָגט —
דער אָבענד איז רוהיג געקומען,
דער נעבעל ווערט גרויער, מיין פריינד,
און ווער איז ניט עלענד אצינד? —

די שיף איז אין נעבעל געשוואומען.

דער ים איז אָפן ברייט און טיף.
איך שטעה ביים ים אליין.
איך זעה פון ברעג דאָרט ווייט א שיף
אין ווייטע לענדער געהן.

איך קוק איהר נאָך. די זון פארגעהט.
דער נעבעל וואקסט. דער ווינט
מיט נאכט און קעלט אין פנים וועהט.
די ווייטע שיף פארשווינדט.

דער ים איז פינסטער, גרויס און טיף
און רוישט ביי מיינע פיס, —
א גוטע נאכט, העי, ווייטע שיף,
אין ווייטע לענדער גריס!

מיינע ים'ען אָקעאַנען
זיינען שטורעמדיג און גרוים.
אין די ים'ען אָקעאַנען,
אין די נעבלען די טומאַנען
געהט מיין שיף ארוים.

קאַפּיטאַן! — מיין שיף פון דאַנען
פיהרען זיכער זאָל דיין האַנד,
דורך די ים'ען אָקעאַנען,
דורך די נעבלען, די טומאַנען
צו מיין אויסגעטרוימטען לאַנד!

עפענט מיר אייערע טירען! —
פון מיין געצייכענטען וועג
האָב איך געלאָזט זיך פאַרפיהרען
ביז מיינע הערבסטיגע טעג.

איך בין אַרויס אין מיין זומער,
רוישיג און גרויס ווי אַ טייך:
ליכטיגע פרייד פון מיין זומער
האָב איך געטראָגען צו אייך.

האָב איך געלאָזט זיך פאַרפיהרען
פון מיין געצייכענטען וועג. —
עפענט מיר אייערע טירען
אין מיינע הערבסטיגע טעג!

דאָ פאַר די טירען אַ ווילדער
ליג איך ווי ווייַנריב פאַרשפּרייט,
און ווי דער ווייַנריב דער ווילדער
טראָג איך די שעהנקייט פון טויט.

און פֿון די וועגן און שטעגן
ברענג איך צו אייך פֿון מיין וועג
טרויער פֿון הערבסטיגן רעגן,
גאָלד פֿון די הערבסטיגע טעג.

דער הערבסט איז באפאלען דאס לאנד.
און קאלט איז מיר, קאלט איז מיר, קאלט...
און דארטען דורך גאסען פארדויכערט און אלט
די אלטענקע ווייט ליגט פארשפרייט.

דער הערבסט איז באפאלען דאס לאנד.
און קאלט איז מיר, קאלט איז מיר, קאלט...
און דארטען דורך גאסען פארשווינדט א געשטאלט —
מיין לעצטע, מיין ליכטיגע פרייד.

דער הערבסט איז באפאלען דאס לאנד.
און קאלט איז מיר, קאלט איז מיר, קאלט...
און דא גיי איך אויף אין דעם גרויען אספאלט
ווי ווייגריב פארלאזען און טויט.

איך בין דער ווײַנריב דער ווילדער!
גײ אויף ביים פּלויט פון דײַן הויף,
קלעטער א רויטער, א ווילדער
ביז דײַנע פענצטער ארויף.

אויף דײַנע דילען זיך לייגן,
הויכן אין שאַרף פון דײַן קלייד,
בלײַבן זיך אין דײַנע אויגן,
טרויערן פון דײַנע רייד.

לויערן פון דײַנע לאַמפּן
הערבסטיק און גרין ווי א שפּין,
אויסגײן פאַרקלערט ווי די לאַמפּן
אַשיק אין פלאַם פון קאַמין.

ליגן א בלײַכער, א טויטער
אויף דײַנע שויבן אין שניי
שנייאיק אין שניי א פערשנייטער
ווײַנען צו דיר פון דעם שניי.

זעהסט — דאָס בין איך, דאָס בין איך,
הערבסטיג ווי וויינריב דער רויטער,
פאַר דיינע הירשענע שיך
דרעה איך זיך ווילד א פאַרשפּרייטער.

טרעט מיט די הירשענע שיך! —
זעהסט — ווי איך גאַר דאָ א גרייטער,
און ווי איך דרעה זיך און קריך,
הערבסטיג, ווי וויינריב דער רויטער.

זעהסט? אַט אזא אַ בין איך! —
באַלד וועל איך ליגען א טויטער,
אונטער די הירשענע שיך
שנייאיג, אין שניי א פאַרשנייטער.

## בלויקייט

פריינד, נאָך דיינע קלוגע רייד
האָב איך זיך מיט דיר צושיידט.
און דורך שלאָפעדיגע גאַסען
בין איך לאַנג אַרומגעגאַנגען.
און איך ווייס ניט ווי און ווער
האָט עס מיך פאַרפיהרט אהער.

דאָ האָט עפּעס ווי מיין האַנט
שטייף אַ ריהר געטאָן אַ וואַנט,
און אַ ליכטיגע, אַ בלויע,
מיט לבנה׳דיגע אויגען
האָט געעפענט מיר אַ טיר.
און געשמייכעלט: פיהרען? — פיהר.

און איך בין איהר ווי א קינד,
א פער'כישף'טער און בלינד
נאכגעגאנגען, נאכגעגאנגען.
און זי האט צו מיר געשמייכעלט:
— אלטער, ליעבער, געהסט מיט מיר
אין מיין בלויער זייט... נו פיהר!

און אין מיינע קאלטע הענט
האט איהר קליינע האנט געברענט,
און אויף מיינע אלטע ליפען
האבען ליפלאך היים געציטערט:
— געהסט עס אין מיין בלויער זייט?...
— איז דיין בלויע זייט נאר ווייט!

און ביים אויפגעהן פון דעם טאג,
בין איך ערגעץ אויף א ראג
מיט'ן ערשטען בלויען הימעל
אין א בלויקייט אויפגעגאנגען,
און ביי דיינע פענסטער, פריינד,
אין מיין בלויקייט אויפגעשיינט.